בויגען אַמאָל די אייגענע אינטערעסען. עס מאַכט איהם אויך פריימוטיגער און גיט איהם אַ פאַרבערייטונג צו לעבען אין אַ געזעלשאַפט, ווען עס וועט אַרויס פון די קינדערשע יאָהרען.

ווי גוט אָבער עס איז ניט פאַר דעם קינד צו זיין צווישען אַנדערע קינדער, איז עס ניט ווינשענסווערט צו לאָזען איהם פיהרען זיין געזעלשאַפטליך לעבען אָהן דער אויפפאַסונג פון אַן עלטערען. עס איז דורכאויס נויטיג פאַר דער מוטער צו קענען די חברים, מיט וועלכע איהר קינד קומט זיך צוזאַמען. ביי דער בעסטער ערציהונג אין דער היים קען אַמאָל אַ קינד ווייזען זעהר טרויעריגע רעזולטאַטען, אויב עס קומט אין שלעכטער געזעלשאַפט און קריגט די ווירקונג פון דאָרט. מען קען ניט אימער צוקלייבען פונקט די געזעלשאַפט, וועלכע מען וואָלט וועלען פאַר דעם קינד. ווען מען קען אָבער די חברים, גיט זיך אַמאָל איין אויסצונוצען אַ ווירקונג אויף זיי.

מען דאַרף מאַכען די היים אַנציהענד פאַר די אַנדערע קינדער. זיי לאָזען שפּיעלען מיט דעם קינד'ס שפּיעלצייג, דערצעהלען זיי מעשות, מאַכען פאַר זיי פאַרשיידענע שמחות, אונטערהאַלטונגען. דאַן וועלען זיי שעצען דאָס הויז און זיי וועלען זיך אונטערגעבען אונטער דער ווירקונג פון די ערוואַקסענע, וואָס פאַרשאַפען זיי פאַרגעניגען. אויך וועט דער פאַקט, וואָס די קינדער וועלען זיך געפינען אין הויז, געבען דער מוטער אַ מעגליכקייט זיי צו בעאָבאַכטען און מערקען, ווי זיי שפּילען, וואָס פאַר אַ געשפּרעכען זיי פיהרען און דאָסגלייכען.

דאָס בעסטע איז נאַטירליך אויב עס גיט זיך איין צו קריגען דעם קינד'ס געזעלשאַפט צווישען באַקאַנטע, וואו די מוטערס קענען זיך צונויפריידען און ערציהען זייערע קינדער לויט אַ געמיינשאַפטליך אָנגענומענעם פּלאַן. קאָן מען אָבער דאָס ניט אויספיהרען בלייבט דאָס נעקסטע בעסטע צו בעאָבאַכטען און בעאיינפלוסען דעם קינד'ס חברים אַזוי, אַז זייער געזעלשאַפט זאָל ברענגען דעם קינד ניט נאָר פאַרגעניגען, נאָר אויך די מעגליכסט בעסטע נוצען.